טרעסאַנט, נאָר מיר איז על פּי רוב אויסגעקומען ליעגען אונטער דער־באַנק. איך האב מיך בעטראַכט אַז עס איז אַ גרויסע עבירה, כּלעבען, מאַכען אַ תל פון 25 קאַרבען אויף וועלכע איך האָב גענוג געהאָרעוועט און אויסגעריסען געוואָר׳ען פון מיינע טהייערע בעל־הביה׳טעס.

איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, אַז ליעגען אונטער׳ן באַנק איז גאָר ניט אַזוי שלעכט. די גאַנצע צייט איז געוועזען זעהר ענג און וואַגאָן, איך האָב געהערט, ווי מע האָט זיך געריסען פאַר די נעזער איבער אַ שטיקעל פרייען פּלאַטץ. אַסך מענשען זיינען געשטאַנע, און נאָר איך בין געלעגען אויסגעצויגען, רוהיג ווי אַ פּריץ.

ביז׳ן גרעניץ האָב איך אַביסעל געליטען פון די גרויסע שטיוועל מיט די אייזערנע פּידקאָוועס, וועלכע זיינען געווען אויסגעשמירט אַזוי ווי מיט סמאָלע. דער ריח האָט מיך אויסגעמוטשעט. פון מיינע קיכלעך, פון מיין קאַלבאַס האָט געשמעקט סמאָלע, ווען איך האָב געגעסען האָב איך געקייעט סמאָלע. דערנאָך האָבען אָנגעהויבען געהן שיך מיט שווייס (לא עליכם כל עוברי דרך — איך וואונש עס אייך קיינעם ניט!) דער־נאָך פאַנטאָפעל מיט ווייסע זאָקען (פון איין פאַנטאָפּעל האָב איך געהאַפּט אין שטערען אַז ביי מיר איז אויפגעלאָפען אַ „של ראש"; דער רוח זאָל זיי וויסען!) ווייטער האָבען אָנגעהויבען געהן שענע שטיוועליך אַלערליי, ריינע אויסגעפּוצטע שיכעליך, שיכעליך מיט רעזינעס, שיכעליך מיט קנעפּעליך, שיכעליך מיט שנורעליך, שיכעליך מיט ברייטע נעזער, שיכעליך מיט שמאָלע נעזער. שיכעליך מיט שפּיצען, שיכעליך מיט דויכע אבטשאַסען און שיכעליך מיט ניעדריגע אָבטשאַסען.

און אָפּט, גאַנץ אָפּט פלעג איך מיך צוקוקען און זעהען אַז ניט אַט די אַלע שענע שיכעליך זענען בקו השלום. דאַכט זיך אויפ׳ן ערשטען קוק שען, ריין, אויסגעפּוצט. נאָר אַז מע קוקט זיך גוט צו איז — „ניט אַליץ וואָס פינקעלט איז גאָלד" נישט יעדע שיכעלע וואָס האָט אַ גלאַנץ איז במחילה גאַנץ. אין אַפּאָר שעה האָב איך אָנגעציילט 63 שיך, נאָר צווישען זיי זיינען געווען 26 שיך, וואָס איך וואָלט נישט געגעבען פאַר זיי אפילו אַ דרייער. — — — — — — — — — — — —

— — פיער טעג מיט פיער נעכט בין איך מיר אַזוי געלעגען ווי אַ פּריץ און ווען איך בין געקומען אין שווייץ און בין אַרויס פון וואַגאָן האָב איך נישט געפיהלט קיין גאַנצען אבר.

א. קוקוריקו.



# דער סאָציאַלער קריעג אין דייטשלאַנד.

(ענדע)

די פאָדערונגען, וועלכע די אַרבייטער האָבען אַרויסגעשטעלט זענען ווייטערדיגע:

1) די שיכטצייט זאָל דויערן ניט מעהר, ווי 8 שעה, דערונטער זאָל שוין זיין אַריינגערעכענט די צייט, וואָס דאַרף דויערן דאָס אַריין־פאָהרען און אַרויספאָהרען פון דער שאַכטע. אין די פייכטע שאַכטען אָדער אין אַזעלכע שאַכטען, וואו די היטץ דערגרייכט 28 גראַדוס, זאָל די שיכטצייט דויערן ניט מעהר, ווי 6 שעה.

2) זונטאָג־אַרבייט אָדער איבערשיכטצייט קען נור אַלס אַ יוצא מן הכלל צוגעלאָזען ווערען דענסטמאָל, ווען דעם מענשענס לעבען שטעהט אין געפאַהר, אָדער, ווען די שאַכטע איז רואינירט און מען דאַרף זי צורעכט מאַכען. אויב עס קומט אויס זונטאג די שאַכטע צורעכט צו מאַכען, דאַרף די לויהן פאַר די אַרבייט זיין גרעסער, ווי געוועהנליך, מיט 50%.

3) עס זאָל ווערען אויס מאָדע די „וואַגענגולען", מען זאָל ענט־ווערער אַרונטער רעכענען די געוויכט שטיינער, וואָס געפינט זיך אין וואָגען אָדער אָבוועגען יעדעסמאָל די געוויכט ריינע קוילען.

4) די אַרבייטער דאַרפען יעדעס יאָהר איינסקלויבען דורך געהיימע וואַהלען אַ קאָנטראָליער אָדער אַ וועגער, וועלכער זאָל אויפפּאַסען מען זאָל די אַרבייטער קיין עולה ניט טהון, די שכירות פאַר׳ן קאָנטראָליער וועט ווערען אויפגענומען פון די אַרבייטער.

5) עס זאָל בעשטימט ווערען אַמינימאַל־אַרבייטסלויהן, די־ה בעשטימען אַזא לויהן, נידעריגער פון וועלכע עס טאָרען קיין אַרבייטער ניט געדונגען ווערען.

6) עס זאָל אויסגעקליבען ווערען פ׳ן די אַרבייטער איין „אויסשוס" צו רעגולירען אַלע מיספערשטענדניס און אונאָרדנונגען.

7) מען זאָל פערניכטען אַלע שטראַפען, וועלכע מען האָט אַרויף געלעגט אויף אַרבייטער ביז איצט.

8) די אַרבייטער זאָלען האָבען דאָס רעכט יעדען מאָנאַט אָבצוזאגען די קוואַטיר.

9) די בעלי־בתים פון די שאַכטען זאָלען זיין מחויב צוגעבען די אַרבייטער קוילען וויפיעל עס איז נייטיג צום געברויך

10) אָרדענטליכע און הומאַנע בעהאַנדלונגען.

אין דיזען סטרייק נעהמען איין אנטהייל אלע 4 אַרבייטער פעראיינען, וועלכע זענען פאַרהאַן אין רוהר רעוויער: דער סאָציאַל דעמאָקראַטישער פערבונד, די כריסטליך־סאָציאַליסטישע אַרבייטער פערבונד, די הערש־דונקעלשע און פוילישע אַרבייטער פערבינדונג *) ניט קוקענדיג אויף די ווידערשפּרוכען און די פערשידענע ענדליכע ציעלען, צו וועלכער יעדע פערבינדונג שטרעבט, האָבען זיך אין דיזען מאָמענט אַלע פעראייניגט, אום צו קעמפּפען מיט אַלגעמיינע כחות קעגען דעם אַלגעמיינעם פיינד — קאַפּיטאַל. ווי ניט דער אַרבייטער זאָל זיין געזאָננען, וויים ער גאַנץ גוט, אַז דאָס בעסטע געוועהר צו קעמפּפען איז אחדות — אהן דיזע געוועהר איז אונמעגליך עס זאָל אויסגעבעסערט ווערען די לאַגע פ׳ן אַרבייטער.

וואָס וועט זיין דער סוף פ׳ן סטרייק. — איז שווער צוזאָגען. ווען מיר שרייבען דיעזע צייל-ען ציהט זיך שוין דער סטרייק מעהר אַלס צוויי וואָכען. אַז די בעלי־בתים וועלען זיך גלייך ניט אונטער־געבען האָט מען געקענט פאָרויס זעהן פריהער פאַר׳ן סטרייק. די בעלי־בתים פון די שאַכטען האָבען זעהר פיל קוילען אין זאַפּאַס, און גלייך ביי׳ן אַנפאַנג פון סטרייק זענען די פּרייזען געשטיגען. אָבער עס קען גלייך זיין, אַז די איבעריגע בעפעלקערונג וועט פאָדערן מען זאָל די אַרבייטער נאָכגעבען. דען ווען דער סטרייק וועט זיך לאַנג ציהען קען ווערען אַגרויסער קריזיס אין דייטשלאַנד. פילע פאַבריקען, וואו עס אַרבייטען טויזענדע אַרבייטער האָבען זיך געשטעלט, וויל עס איז ניטאָ קיין קוילען — די הויפּט נאַהרונג פאַר די מאַשינען. וואָס ווייטער וועט די צאָהל פ׳ן אַזוינע פאַבריקען זיך אַלס פערגרעסערן. די שטימונג ביי די אַרבייטער איז זעהר אַ מונטערע, אָבער עס איז שווער צוזאָגען אויב זי וועט זיך אַזוי לאַנג האַלטען, ווען דער הונגער וועט נעהמען פעסט דריקען. שטיצע בעקומט מען פון אַלע אַרבייטער־פעראיינען אין דייטשלאַנד און אויסלאַנד, די איבריגע, אפילו ניט אַרבייטענדע, בעפעלקערונג האָט אייך גרויסע מיטלייד און שטיצט אונטער די סטרייקענדע אַרבייטער. אָבער אין הקמץ משביע הארי" אויב יעדע פאַמיליע פערברויכט נור 2 מאַרק אַ מעת לעת, איז אויך נייטיג אַנ־ערך 500,000 מאַרק יעדען טאָג. די סומע געלד, וואָס איז געווען בא די בערג־אַרבייטער אַליין פאַר׳ן סטרייק, איז געווען 3,000,000 מאַרק — אָבער פון זיי איז שוין אפילו קיין זכר ניטאָ — דאָס האָט נור געקלעקט אויף איינינע טעג. אין פילע צייטונגען זענען אַרויסגעלאַזען אויפרופען צו קלויבען געלד פאַר די סטרייקענדע.

כאַראַקטעריסטיש איז דאָס פערהאַלטען זיך פון דער רעגירונג צו דיזען ריזיגען סטרייך. עס איז אַנ׳אַלטער כלל אין דער וויססענשאַפט, אַז יעדע רעגירונג בעשיצט נור די אינטרעסען פון די רייכערע קלאַסען, און דעריבער איז יעדער קלאַסען־קאַמפף אויך אַ פּאָליטישער קאַמפף. ווען עקאָנאָמיש אינטערדריקטע

---

*) דעם כאַראַקטער פון דיזע אַרבייטער פעראיינען וועלען מיר אַרום ריידען אין די ווייטערדיגע בריעף.

ארבייטער פאנגען אן צוקעמפפען קעגען די קאפיטאליסטען פאר'ן אויסבעסערונג פון זייער עקאנאמישע לאגע — קוימט שוין ממילא אוים אז זיי קעמפפען אויך קעגען דער הערשענדער רעגירונג, וועלכע בעשיצט נור די אינטרעסען פון די קלאסען פון וועלכע די רעגירונג בילדעט זיך. א נייטראלע רעגירונג, א רעגירונג, וואס זאל אויסדריקען דעם רצון פונ'ם גאנצען כלל קען נור זיין אין אזא געזעלשאפט, וואו עס זענען קיין קלאסען־ווידערשפרוכען בכלל ניטא, וואו עס קען איבער הויפט קיין קלאסען־קאמפף ניט זיין. אין אזא געזעלשאפט, וואו עס זענען דא קלאסען־ווידערשפרוכען, קען די רעגירונג ניט שטעהען איבער אלע קלאסען, זי מוז אלע מאל אויסדריקען די אינטרעסען פון די שטארקערע קלאסען. דעריבער איז אין די ניט פארגעשריטענע מלוכות פערבאטען דער עקאנאמישער קאמפף, ווייל יעדער עקאנאמישער זיעג איז אויך אפאליטישע מפלה פאר'ן צד שכנגד. אין יענע מלוכות, וואו דאס רעכט צו קעמפפען עקאנאמיש איז שוין דורכ'ן בלוטיגען קאמפף עררייכט געווארען, נור וועלכע זענען נאך ניט עכט דעמאקראטיש, געפינען די ארבייטער־קלאסען אויך זייער פיעל שטערונגען אין זייער קאמפף, אמת, ניט גראבע דירעקטע שטערונגען, אבער די אינדירעקטע זענען טייל מאל ערגער, ווי די דירעקטע.

דאס אלעס האט זיך איצטער קלאהר ארויסגעוויזען ביים גענעראלסטרייק אין רוהר־רעוויער.

ווען דער סטרייק איז נאך ניט געווען אין גאנצען אויסגעבראכען, האבען שוין די פיהרער פון דער ראדיקאלער פארטיי אריינגעטראגען איין אונטערפעלאציאן אין רייכסטאג, וואס די רעגירונג מיינט צוטהון אין דעם וויכטיגען ענין. די פארשטעהער פון דער רעגירונג האבען זיך אבער ניט געמאכט וויסענדיג דער פון, און האבען דערווייל גע־דרשה'ט און פויסישען לאנדטאג, וואו עס זיצען נאר, צוליעב די דריי קלאסישע וואהל־סיסטעם. די פערטרעטער פון די רייכערע קלאסען, און וואו זיי קענען דורכפיהרען אלעס, וואס זיי ווילען; געפלפול'ט זיך ווער עס שולדיג אין דעם סטרייק, אז עס איז ארחמנות אויף די ארבייטער, וואס זיי האבען אנגעפאנגען צו סטרייקען, אז זיי זענען אבער אליין שולדיג און נאך אזוינע דבורים, וואס האבען ניט קיין פראקטישען צוועק. אבער די ראדיקאלען זענען אויך ניט אבי־ווער. ביי זיי איז דער סטרייק פון איבער 500,000 ארבייטער א וויכטיגער ענין און בעגניגענען זיך נאר ניט מיט צוועק־לאזע דרשות פון לאנדטאג, זיי האבען ענערגיש געפאדערט אנ'ענטפער אויף די אינטערפעלאציאן אין רייכסטאג גופא. און דא איז שוין קוים מיט צרות געקומען צום וכוח אין רייכסטאג. אבער וואס האט דער רייכס־קאנצלער ביולאוו און דער האנדעלס־מיניסטער מעללער געענטפערט דעם ראדיקאלען רעדנער, וועלכער האט אביעקטיוו, ניט אלס מיטגליעד פון דער פארטיי, געשילדערט די שרעקליכע בעדינגונגען, אין וועלכע די בערג־ארבייטער לעבען, און די אורזאכען, וועלכע האבען ארויס־גערופען דעם סטרייק? — גאר־נישט! אנשטאט צו ווירקען אויף די קוילען־באראנען נאכצוגעבען די עהרליכע פאדערונגען פון די ארבייטער, האט דער רייכסקאנצלער מודיע געווען, אז די רעגירונג זארגט שטארק די רוהע זאל ניט געשטער'ט ווערען, און אז זי האט צו דעם צוועק געשיקט מיליטער, וועלכע וועט ניט צולאזען די ארבייטער צו שטערען די ארבייטסוויליגע (פשוט די סטרייק־ברעכער)!

— דאס זענען די ענערגישע מיטלען, וועלכע די רעגירונג האט אין אנפאנג פארגענומען ביים אויסברעכען פון דעם סטרייק!

איצט איז שוין די רעגירונג כלומר'שט אויך אביסעל נוטה פאר די פאדערונגען, וואס די ראדיקאלן האבען ארויסגעשטעלט אין רייכ־סטאג איינצופיהרען אבערג־ארבייטער געזעץ, וועלכע זאל ניט דערלאזען צו טהון אזוינע גראבע עולות די ארבייטער.

נור וועגען דעם א צווייטען מאל.

א. ש. ז.



# איבער איינינע מאטיווען אין מעטער־לינקס ווערק.

(ענדע).

מיט דעם זעלבען רעכט האט מעטערלינק געקענט זאגען פער־קעהרט: די זעלבע אנטווארט אויף דער פראבלעם פון טויט איז די ערקלערונג דעם סוד פון לעבען. מיר האבען שוין פריהער געזאגט, אז פיר מעטערלינק איז דער טויט ניט מעהר ווי איין זעהר שארפע ערשיינונג פון די פינסטערע נאטור קרעפטען (סטיחיען), וועלכע רינגלען ארום דעם מענשען, אז די זעלבע „סטיחיען" מאכען אונגליקליך און אונפערשטענדליך דאס גאנצע מענשענס לעבען. דער טויט און די אינפערשטענדליכע אקטען אין לעבען זענען די ערשיינונגען פון די זעלבע סטיחיען פון דעם זעלבען „שיקזאל". די ביידע פראגען: איבערן טויט און איבערן זינן פון לעבען, זענען נור איין פראגע. דאס איז דער זעלבער סוד, נאר אין צוויי פארמען, דאס איז דאס זעלבע אומבעוואוסטעס, וועלכעס בעווייזט זיך אין צוויי געשטאלטען: אין דעם געשטאלט פון טויד און אין דעם געשטאלט פון לעבען. אקוראט ווי א מענש, וואס לערנט די אדער יענע זאך, געהט צו צו איהר פון אלע זייטען און פרובירט, כדי צו פערשטעהן זי פאלקאם, אזוי טוהט מעטערלינק אויך — ער געהט צו צו זיין געליעבטסטען סוד פון דער זייט פון דעם טוידט און פון דער זייט פון דעם לעבען. אמאל דאכט זיך איהם, אז פערשטעהענדיג דעם פינאל פון דער דראמע, וועט ער פער־שטעהן זי אין א גאנצען, און א מאל דאכט זיך איהם פערקעהרט: פערשטעהענדיג די גאנצע דראמע, וועט ער פערשטעהן דעם פינאל. מעטערלינק האט זעהר געוואלט צו פערשטעהן דעם סוד פון דעם „שיקזאל" איז ער צו געגאנגען אין אנפאנג צו דעם סוד פון טוידט; ער האט זיך געמאטערט איהם צו ענטדעקען, בעשעפטיגט זיך מיט איהם אין זעהר פיעל פיעסען; און ווייל דאס האט זיך איהם ניט איינגעגעבען, איז ער צוגעגאנגען צו דעם זעלבען סוד פון דער אנדער זייט, פון דער זייט פון דעם לעבען. מעטערלינק שניידט פאנאנדער דעם מענשענס לעבען, קוקט אריין אינווענדיג, קוקט אריין שטעהענדיג פון דער זייט; דערזעהענדיג וואס דארטען טהוט זיך, ערשטארט ער פון שרעק...

מעטערלינקס דראמען זענען איבר הויפט שטימונגס־דראמען; זיינע העלדען טוהען כמעט גאר נישט. מעטערלינק רעאגירט זעהר אויף די שטומע דראמא פון דעם גאר נישט ווויסענדען מענשען — זיי ווייסען ניט, וואס טוט זיך דארט, הינטער זיי. דאס אונגליק עקסעסטירט ביי מעטערלינק ווי זעלבסשטענדיג: דער מענש קען זיך ניט ארויס דרעהען פון זיינע דארע הענד. אפט מאל קומט פאר, אז דאס אונגליק האט זיך שוין געטראפען, נאר דער מענש איז נאך רוהיג — ווייל עפעס זעהר דינעס, איך וואלט זאגען, די אונדורכ־זיכטיגע לעערע, טהיילט זיי פאנאנדער און ער האט נאך ניט בעמערקט עס. דאס אונגליק האט זיך שוין געטראפען, דעם מענשענס לעבען איז שוין קאליע געווארען; נאר דאס אונגליק איז נאך ניט דערגאנגען ביז איהם — פינסטערע, זעהר פינסטערע שטראהלען דארפען אויך האבען צייט, אין וועלכע זיי מוזען דורכגעהן זייער וועג...

פון וואן קומט דאס אונגליק, ווער טרייבט דעם מענשען, ווער פטר'ט דעם מענשענס לעבען? ווייטער יענע סטיחיען, ווייטער יענע פינסטערע כחות. זיי מאכען דאס ליכטיגע, דאכט זיך, לעבען שווארצער ווי דער טויט. יא, פיר מעטערלינק איז דאס בלייכע ליכט פון דעם טאג ניט וויניגער שרעקליך, ווי די גראבע פינסטערניש פון דער נאכט. ריכטיגער וועט זיין, ווען מיר וועלען זאגען, אז ביי מעטערלינק איז ניטא קיין טאג — ביי איהם איז אימער נאכט: אומעטום זעהט ער נאר בלינדהייט און פערבארגענעס. וואס קען טהון א מענש, וואס בעדייטען זיינע פארזיכטען: א! ווי מיזעריש זיי זענען אין דעם פערגלייך מיט דעם פאטום, וועלכער פערניכטעט אלעס, וועלכער דריקט דעם מענשען אין דער פארם פון דעם אונגעריכטען צופאל.

אין דער דראַמאָ Interieur וועט דער לעזער קלאָר פֿיהלען, ווי מעטערלינק מאַטערט זיך מיט דער פֿ־אַגע איבער דעם זינן, אָדער ריכטיגער, איבער דעם אומזינן פֿון דעם מענשענס לעבען. איך וועל דאָ ניט ערצעהלען דעם אינהאַלט פֿון דער דראַמע: איך גלויב, אַז דער לעזער וועט דורך לעזען זי פֿריהער, אַלס ער וועט צ׳טרעטען צו מיין קריטיק איבער מעטערלינק. איך וועל נאָר ציטירען די ערטער אין וועלכע מעטערלינק האָט אויסגעדריקט זיינע געדאַנקען מעהר רעליעף.

די דראַמאָ קומט פֿאָר אין צוויי ערטער: אין שטוב און אין גאָרטען. אין שטיב זיצט אַ גאַנצע הויזגעזינד אַרום טיש נעבען לאָמפּ. זי זיצט רוהיג ווי אַלע מאָל — זי האָט פֿערשפּאַרט די טיר און די פֿענסטער, זי האָט געמאַכט אַלע פֿאָרזיכטען; זי גלויבט דאַרום, אַז מ׳ט איהר קען זיך גאר נישט טרעפֿען. דאָס אומגליק אָבער האָט זיך שוין געטראָפֿען דאָרט... ווייט פֿון זיי... גענען זייער ווילען. דאָס אומגליק האָט שוין צובראָכען דאָס גאַנצעס לעבען זייערס: די געליעבסטע טאָכטער איז דערטרונקען געוואָרען. דער אַלטער און דער פֿרעמדער, וועלכע האָבען געבראַכט די אומגליקליכע נאַכריכט, זענען ערשטאַרט געוואָרען אין שרעק, זעהענדיג די מענשענס קלעגליכע אונוויסענהייט און הילפֿלאָזיגקייט. דער מענש דערוויסט זיך שפּעטער, פֿין דעם אומגליק, ערשט דאַן אַז ער קען שוין ניט העלפֿען, אַז די „מאירא", דער פֿאַטום האָט שוין אָפּגעטהון זייער זאַך. דער אַלטער האָט דאָס איצט צום ערשטען מאָל פֿערשטאַנען. ער פּראָטעסטירט ניט גענען דעם — ער פֿערשטעהט, אַז אַ פּראָטעסט וועט דאָ גאָר נישט העלפֿען; און מיט אַ שטילען שמערץ קאָנסטאַטירט ער מעהר נישט די אונוויסענהייט פֿון דעם מענשען, די הילפֿלאָזינקייט זיינע. „זי האָט אַ פּנים געוואָלט עפּעס פֿרעגען ביי מיר" — דערצעהלט ער דעם פֿרעמדען וועגען דער געשטאָרבענער — נאָר זי „האָט ניט געוואַגט און איז גיך אָפּגעטראָטען פֿון מיר... יאָ, איצט קלער איך דאָס איבער, דאַמאָלס אָבער האָב איך גאָר נישט בעמערקט..." און ווייטער: „מען וויים ניט... און וואָס קען אַ מענש וויסען... אפשר איז זי געווען איינע פֿון די, וועלכע ווילען ניט רעדען, און ביי יעדען פֿון אונז איז פֿאַרהאַן ניט איינע נאָר עטליכע סבות צו טוירטען זיך. אין אַ פֿרעמדען הערץ איז ניט אַזוי ליכטיג, ווי אין דיעזען צימער... מיט אַ שמייכעל ריידען זיי וועגען אַראָפּגעפֿאַלענע בלעטער און וויינען אין דער פֿינסטערניש... און אַ מלאך וואָלט אויך ניט דערזעהען דאָס, וואָס מען דאַרף זעהען, אַ מענש אָבער הויבט אָן צו פֿערשטעהען נור דאַן, אַז עס האָט זיך שוין געטראָפֿען מיר דאַכט זיך, אַז איך אַליין זעה נור היינט צום ערשטען מאָל... מען מוז עפּעס צוגעבען צו דעם געוועהנליכען לעבען, כדי צו פֿערשטעהן עס..." יאָ, מען מוז עפּעס צוגעבען, מען מוז זיך דערוויסען אַ וועלכען עס איז סוד, מען מ׳ז אַ קוק טהון אויף די בעשעפּענישען, וועלכען עס האָט געטראָפֿען דאָס אומגליק. מען מוז אַ קוק טהון אויף זייערע גאַנצע אונוויסענהייט, און דאַן וועט איר עפּעס אָנהייבען צו פֿערשטעהן—איהר וועט פֿערשטעהן דעם גאַנצען שרעק פֿון א׳נזערען לעבען. פֿון אונזערענס אומגליקליכען זיננלאָזיגען, אונפֿערשטענדליכען לעבען. איהר וועט זיך דערשרעקען פֿיר אונזער הילפֿלאָזינקייט. פֿיר אונזער ניכטיגקייט. וואָס קען זיין קלעגליכער ווי די לאַגע, אַז אימער הענגט איבער אונז דאַמאָקלעס שווערד, אַז אימער היטען אונז פֿון אַלע זייטען בלינדע כחות, וועלכע דריקען אונז אין דער פֿאָרם פֿון דעם צופֿאַל.

„זיי גלויבען אין זייערע אינגעפֿעהרליכקייט" — זאָגט דער אַלטער — „זיי האָבען פֿערשפּאַרט די טוירען... זיי האָבען פֿערשטאַרקט די וואַנד פֿון דעם אַלטען הויז... זיי האָבען פֿערריגעלט די דריי דעמבענע טירען... זיי האָבען געטהון אַלס, וואָס אַ מענש קען טהון..." וואָס פֿיר אַ שרעקליכע איראָניע איז אין די ווערטער! אַ שרעקליכע איראָניע איבער זיין קלעגליכעס און ניכטיגעס לעבען. עס ווילט זיך אַ געשריי טהון פֿון שמערצען: אָ, דאָס לעבען, איך פֿערשטעה דיך ניט, ווי שרעקליך דו ביסט אין גאַנצען! ווי קלעגליך דו ביסט, מיין לעבען! „אָרעמע שוועסטער" — זאָגט דער אַלטער — זיי מעגען קוקען הונדערט טויזענד יאָהר — זיי וועלען גאָר נישט זעהען... די נאַכט איז צו פֿינסטער, זיי קוקען אַ הער. און דאָס אומגליק נעהערט זיך פֿון דער אַנדערער זייט. און נעהערט זיך דאָס אומגליק בלינד, נאָך זיין אייגענעם ווילען, אָדער ריכטיגער, נאָך דעם „שיקזאַלס" ווילען איבער זיין אייגענעם וועג. דער אַלטער זאָגט וועגען דעם עולם: „זיי וועלען קומען. איך זעה זיי שוין... זיי נעהע־ן זיך מיט יעדען טריט און דאָס אומגליק וואַקסט שוין מעהר ווי צוויי שטונדען. קיינער קען איהם נ׳ט שטערען צו וואַקסען, און די וועלכע טראָגען עס, קענען עס ניט אָפּשטעלען... דאָס אומגליק הערשט איבער זיי. און זיי מוזען איהם דיענען... ביי איהם איז זיין איינענער צוועק, און עס געהט מיט זיין אייגענעם וועג... דאָס אומגליק איז ניט מיד, ביי איהם איז נור איין געדאַנק... זיי מוזען איהם אָפּגעבען איהרע קרעפֿטען... זיי זענען פֿול מיט לייד, נאָר זיי מוזען אָבער געהען ווייטער..." דער אַלטער האָט אַ פּנים איצט דעם ערשטען מאָל פֿערשטאַנען די פֿינסטערניש פֿון דעם העלען טאָג, און האָט אָנגעהויבען צו פֿיהלען די דונקעלהייט פֿין דעם לעבען, וועלכעס איז דאַכט זיך, אַזוי קלאָר און פֿערשטענדליך. פֿיר איהם האָט זיך אויפֿגעעפֿענט איין אָפּגרונד, ניט דער, וואוהין עס פֿאַלען די קרבנות פֿין דעם טויט — פֿיר איהם האָט זיך אויפֿגעעפֿענט אַן אָפּגרונד דאָ אין לעבען גופֿא, דאָ, וואו עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלס קען מען פֿערשטעהען, פֿאָרזעהען און ניט דערלאָזען. „מיר איז שוין ,באַלד 83 יאָהר, און היינט צ׳ם ערשטען מאָל האָב איך מיך דערשראָקען פֿאַר דאָס לעבען"... ניט דער טויט איז שוין שרעקליך. נאָר דאָס לעבען: דאָס געוואָהנליכעס טעגליכעס לעבען. דאָס געדריקטעס לעבען איז פֿינסטער, בלינד, עס איז אין גאַנצען אין דער מאַכט פֿון דעם צופֿאַל, וועלכער קוקט און היט פֿון אַלע זייטען.

דער העלער טאָג! דאַכט זיך, אַז ער איז אין גאַנצען דורכזיכטיג און פֿערשטענדליך; אין אמת׳ן איז ער שרעקליכער, זינלאָזיגער, ווי די פֿינסטערע נאַכט פֿון דעם טויט.

דער „פֿאַטום" הערשט אויך דאָ, אין לעבען: ער בעהאַלט זיך אין די שרעקליכע כחות פֿון דער נאַטור, וועלכע שיקען אַראָפּ דאָס אומגליק פּלוצלינג, וועלכע מאַכען דעם מענשען שרעקליך פּאַסיוו, וועלכע דריקען איהם אין ברעכען זיין גאַנצעס לעבען...

מעטערלינק קוקט זיך צו צו דעם „פֿאַטום׳ס" אַקטען, ער געפֿונט אין זיי קיין שום זינן ניט. ער מאַטער׳ט זיך, ער פֿרעגט, ער זוכט — אָבער ענטדעקט ניט.

לעזענדיג די דראַמען פֿון מעטערלינק, פֿיהלען מיר שאַרפֿער און שמערצליכער די אַלע פֿראַגען, וועלכע מיר, בעוואוסט אָדער אומבעוואוסט, פֿערשטאָפּען טיעף דאָרט אין הערצען, די פֿראַגען שווימען אַרויס אויבען, מיר דרינגען אַריין אין אַלע זייערע בעהאַלטענע ערטער און... מעהר גאָרנישט. קיין אַנטוואָרט האָבען מיר ניט, ווי עס האָט ניט געהאַט די מענשהייט ביז איצט. „ערקענען די גרענצען פֿון דעם מענשענס לעבען" — דאָס איז אַלס, וואָס דער מענש קען דערוויסען אויף דער וועלט" זאָגט אַליין מעטערלינק אין זיין: „דאָס לעבען פֿון די בינען".

* * *

וואו געפֿינט מען אַ בערוהיגונג פֿין די שרעקליכע שמערצליכע פֿראַגען?

מעטערלינק גיעט זיינע אייגענע סוביעקטיווע אַנטוואָרט אין דעם צווייטען פּעריאָד פֿון זיין דיכטונג; נאָר איבער דעם וועלען מיר ריידען אַ צווייטען מאָל.

א. — ז.



# פוז וואס ווערען בעשאפען אידעען ?

פון ל. קריזיוויצקי.

איבערזעטצט פון ד. דרוק.

---

I.

דער היסטארישער מאטעריאליזמוס, וואס איז געגרינדעט און פערפאללשטענדיגט געווארען דורך דעם גרעסטען דענקער פון'ם 19 טען יאהר הונדערט, לערנט אונז אז אללע פערשיעדענע ערשיינונגען, וואס קומען פאר אין'ם געזעלשאפטליכען לעבען, פיהרען זיך מיט א בעשטימטען, נאטירליכען געזעטץ און ארדנונג; אז קיין נסים און עפעס אזוי „סתם אין דער וועלט אריין" איז ניטא, נור אז אליץ אין דער וועלט געהט מיט א בעשטימטען סדר און פלאן, אז איין זאך האט א געוויסע שייכות מיט דער אנדערער און א היסטארישע נאטוועגדיגקייט. נאר איינענטליך איז דאס פון'ם היסטארישען מאטעריאליזמוס קיין נייעס. די זעלביגע לעהרע האט שוין אונז געגעבען אין'ם 18טען יאהר הונדערט דער בעריהמטער פילאזאף העגעל מיט זיין „דיאלעקטישע מעטהאדע" אין „עוואלוציאנס-טהעאריע". דאס איז טאקי אמת, אבער דער מיט ענדיגט זיך נאך ניט אללעס. די הויפט זאך, וואס דער היסטארישער מאטעריאליזמוס האט אונז געטאהן איז נאר דאס, וואס ער האט געלייגט אנייעם פונדאמענט אין די העגעלישע פילאזאפיע. אדער, ווי ער אליין האט זיך אויסגעדריקט, אז ער האט איהם איבערגעדרעהט און אוועק געשטעלט פון קאפ אויף די פיס. אנשטאט די העגעלישע אבסטראקטע „אבסאלוטען", „אבסאלוטע אידעע" און נאך אזעלכע אידעאלע זייפ-בלאזען, האט ער אוועקגעשטעלט די קאנקרעטע, רעאלע „מאטעריע". פראסטער גערעדט קומט עס אויס אזוי: אנשטאט, וואס די העגעלישע פילאזאפיע קוקט אויף אללע פערשיעדענע ערשיינונגען פון'ם געזעללשאפטליכען לעבען, ווי אויף די ענטוויקלונג פון דער „אבסאלוטער אידעע", אז אליץ אין דער וועלט בעשאפט די אידעע, דער פערנונפט, די רעכנונג, — קוקט, פערקעהרט, דער היסטארישער מאטעריאליזמוס אויף דער גאנצער געשיכטע פון דער געזעללשאפט ווי אויף די ענטוויקלונג פון די פראדוקציאנס קראפטען, אז אליץ אין דער וועלט בעשאפט לכתחילה די עלעמענטארישע „מאטעריע", די רעאלע בעדינגונגען פון געזעללשאפטליכען לעבען, ד. ה. די אללע פערשיעדענע פארמען פון געזעללשאפטליכען לעבען זיינען ניט דורך דעם מענשענס שכל, בערעכענונג און אויפקלעהרונג געמאכט געווארען, נאר אז דאס איז געוועזען א אונפערמיידליכער רעזולטאט פון די ניי-ענטוויקעלטע פראדוקציאנס-קרעפטען, אז די לעטצטע, קומענדיג אויף א געוויסע מדרגה פון דער ענטוויקלונג האבען גאר, פערקעהרט, געמוזט בעשאפען די פערשיעדענע פארמען, די א י ד ע ע ן.

---

יעטצט לאמיר, פון מאטעריאליסטישען שטאנדפונקט, בעטראכטען איבער וועלכע סיבות עס ערשיינען אין דער געזעלשאפט נייע אידעען און ביי וועלכע בעדינגונגען זיי ווערען פארווירקליכט אין לעבען און האבען אקיום?

כדי דאס בעסער צו ערקלעהרען, וועלען מיר נעהמען פאר אגוטען ביישפיעל די וואהל-רעכט רעפארמע, וואס ענגלאנד האט דורך געמאכט אין 1832 יאהר. די רעפארמע איז בעריהמט דערמיט, וואס זי האט מבטל געווען דאס פריווילעגיום (זכות) פון די „טויטע שטעדטלעך" און האט דערלאנגט אן'ערענסטען טוידטקלאפ דער הערשאפט פון דער לאנדאריסטאקראטיע אין ענגלישען פארלאמענט.

פון אזעלכע בעריהמטע האנדעלס און אינדיסטריע שטעדט ווי מאנצעסטער, בירמינגהיים און אויך אנדערע, זענען אין ענגלאנד מיט א יאהר צוויי הונדערט צוריק אפילו קיין סימן ניט געווען, אדער זיי זיינען דענסטמאל געווען גאנץ קליינע דערפלעך וואס מ'האט וועגען זיי ניט געטראכט. צ. ב. ש. אין מאנצעסטער זיינען אין 1750 יאהר געוועזען בסך-הכל נייעצעהן איינוואהנער. אזעלכע שטערט האבען זיך ענטוויקעלט עלעמענטאריש, נאר אהן אברעקעל איינרעכנונג, מעהר ניט ווי איבער ריין-פערזענליכע נוטצען, וועלכער טראכט ניט וועגען געזעלשאפטליכע אינטערעסען: איינער, למשל, גרינדעט א פאבריק אדער נעהמט האנדלען, בויעט אהויז אדער פארנעהמט זיך מיט פארמיטלעריי. די וואקסענדע שטאדט ציהט-צו צו זיך אליץ נייע און נייע איינוואהנער אויף ארבייט און געשעפט און יעדער אנגעקומענער האט מיט געהאלפען איהר ווייטער צו פערגרעסערן און פארבעססערן. אין לאנד האבען זיך אן געפאנגען אויס צובילדען נייע לעבעדיגע און רייכע ארבייטס פונקטען. אונטער דער צייט אבער האבען די אלטע שטעדט און שטעדטליך, וואס זיינען אמאל געווען אויך וויכטיג און רייך, אנגעפאנגען ארעם צו ווערען אונטער דער ווירקונג פון דער זעלביגער סיבה ד. ה. דורך די עלעמענטארישע דריקונג פון פערזענליכע אינטערעסען. ביסלעכווייז האט די זעלביגע ענדערונג פערהאפט דאס גאנצע לאנד. אומעטום זיינען געווארען נייע וועגען; די פארטיילונג פון דאס רייכטום און אנדוסטריע, אינוואהנער און דארפליך מיט איין ווארט אליץ דינגס וואס מיר וועלען בסך-הכל אן רופען פראדוקציאנס-קרעפטען, האט געקריגען אגאניץ אנדער פנים, און די הויפט משא פון געזעלשאפטליכען לעבען איז אריבער אין אן'אנדער ארט. די גאנצע ענטוויקלונג געהט עפעס אהן איבעררעכנונג, מעכאניש, ד. ה. אז די געוויסע דורות, וואס ארבייטען אין דעם גאנצען גאנג, רעכנען ניט אויס די רעזולטאטען, וואס עס קאן דערפון ארויס קומען פאר דער געזעלשאפט. זיי בעקלעהרען ניט די רעזולטאטען, וואס וועלען אונבעדינגט קומען דורך דעם ניי אנגעקומענעם מעטעריעלען ארט לעבען און איבער הויפט דורך די נייע פראדוקציאנסקרעפטען, וואס זענען געקומען ביז אגעוויסע מדרגה. די מענשען טוהען ניט זייערע ארבייט צוליעב די געזעלשאפליכע נוטצען. די איינציגע ספריזשינקע וואס בעוועגט זייער גאנצע טהעטיגקייט איז נאר דער פערזענליכער אינטערעס און פערזענליכער שכל, וואס זענען אריין געטאהן צו פארגרעסערען די פערדינסט. לכתחילה מהוט זיך יעדער אליץ דינג פאר זיך, נאר צום סוף זעהט זיך ארויס, אז דאס איז אטובה פאר דער גאנצער געזעלשאפט. פון אנפאנג האט דאס קיינער גיט בעטראכט און וועגען דעם ניט געקלעהרט.

לויט דער צייט האט זיך ענגלאנד, דורך די זעלביגע סיבות, אין גאנצען אום געענדערט. אין 16 טען און אפילו אין 17 טען יאהרהונדערט איז נאך דאס לאנד געווען בעוואהנט גלייך מעססיג. עס זענ'ען דענסטמאל אויך געווען שטעדט, גור אויסער לאנדאן, זענען עס געווען קליינינקע. דער 18 טער יאהר הונדערט צוטיילט שוין אבער ענגלאנד אויף צוויי חלקים: אינדוסטריעלע און דערפישע קרייזען, און פון דענסטמאל אן הויבען זיך אן צו בילדען גרויסע שטעדט. אלס ארעזולטאט פון פערשיעדענע אומענדערונגען, ווערט עס אין געזעלשאפטליכען לעבען א דיסאנאנס. די אלע ריין מאטעריעלע ענדערונגען, וואס ס'וענען פאר געקומען אין'ם סאציאלען לעבען, רופען ארויס גאניץ נייע בעדערפניסען און שטרעבונגען. מיר וועלען זיך ניט אבשטעלען אויף אלע ענדערונגען וואס זענען דענסטמאל פארגעקומען און מיר וועלען נור נעהמען די רעפארמע פון וואהל-רעכט, ווארום אויב ניט, וואלט אונז אויס קומען אן צו שרייבען א צו גרויסען ארטיקעל.

די פאליטישע ארדנונג איז אין ענגלאנד געגרינדעט אויף דער פאלקספערטרעטונג, נאר פאן דעסטוועגן האבען מאנצעסטער און נאך אנדערע גרויסע האנדעלס און אינדוסטריע-שטעדט זייערע פארשטעהער אין פארלאמענט ניט געשיקט. אין דעם בעסטען צופאל האבען זיי זיך בעניטצט מיט דעם וואהל-רעכט אין זעהר אקליינעם ערך לגבי זייער בעדייטונג. פאר וואס דאס איז אזוי געווען קען מען ערקלעהרען אויף גאר אפראסטען אופן. דער וואהל געזעטץ איז געמאכט געווארען אין אזא צייט, בעת די פראדוקציאנס קרעפטען זענען אין ענגלאנד גאניץ אנדערס פארטיילט געוועזען. קיין ענדערונגען זענען פיז 1677 יאהר אן, סיי אין די שטעדט, סיי אין גאנצע גראפשאפטען, אין דעם וואהלרעכט ניט פארגעקומען. אמאליגע יאהרען איז ער גאניץ גוט געווען און האט גענשטימט מיט זיין סארט ארדנונג פון מאטעריעלען לעבען. וועניגסטענס בעמערקען מיר ניט אין יענער צייט קיין היפיך צווישען די בעפעלקערונגס און רייכטומס פערטיילונג — און די פאליטישע רעכט פון די איינוואהנער.

נאָר אין אַצייט אַרום קאָנען זיי שוין ניט שטימען, ווייל די געזעלשאַפֿט,
בעת זי האָט אין איהר צייט אַרויס געזאָגט אין דעם וואַהל געזעטץ
איהרע בעדערפֿניסען, איז אויף אָן׳אָרט ניט שטעהן געבליבען. זי האָט
זיך אַלץ ווייטער און ווייטער ענטוויקעלט און דער געזעטץ איז, געוועהנ־
ליך, געבליעבען דער זעלבינער. ס׳פֿערשטעהט זיך, זי איז אַזוי אַלץ גע־
גאַנגען ביז עס איז צווישען איינינע גרופען און דעם געזעטץ ניט אַרויס
קיין סכסוך. שטעלט זיך פֿאָר, אַז די רייכסטע האַנדעלס אין אינדוסטריע
שטעדט האָבען גאַנץ אָפֿט זייערע פֿאָרשטעהער אין פּאַרלאַמענט ניט,
בעת די קלענסטע טויטע ש׳עדטלעך האָבען יאָ אַזאַ רעכט. אַז צ.ב.ש.
אַזאַ קליין שטעדטיל ווי „אָלד סאַרעם“, וואָס בעשטעהט אין אלעמען
פֿון פֿינף הייזלעך, שיקט אַרויס צוויי דעפּוטאַטען. עס איז אפילו
געוועזען אַ שטערטיל, וואָס האָט געהאַלטען אַלע מינוט ביי׳ן דערטרונ־
קען ווערען, און פֿונדעסטוועגען איז איהר בעל הבית אַ־ום געפֿאָה־
אויף אַ שיפֿעל אויס צו קלויבען אַ פֿאָרשטעהער אין פּאַרלאַמענט.

דאָס ־רוב זענען אַזעלכע שטעדטליך געלעגען ביי די לאָרדען,
ביי די פּריצים אין די הענד, וועלכע דאָבען געמאַכט אויף אַזאַ אופֿן
דעם פּאַרלאַמענט פֿאַר אַ קלאַסען קאָמיטעט. די נייע פּראָדוקציאָנס־
קרעפֿטען, וואָס זענען אָנגעזאַמעלט געוואָרען אין די גרויסע שטעדט
האָבען ניט געהאַט דאָס רעכט אָן׳אַנטהייל צו נעהמען אין דער גע־
זעצגעבונג, וואָס דאָס האָט זעהר שעדליך געווירקט אויף : עס
מאַטעריעלען וואָהלשטאַנד פֿון די אינדוסטריעלע שטעדט: אַלע אָב־
גאַבען האָבען געדאַרפֿט צאָהלען די קאַפּיטאַליסטען; צוליעב די אָב־
צאַהלונג וואָס ס׳איז געווען אויף תבואה, איז דער אַרבייטסלויהן איי־
גענטליך געווען גאַנץ הויך, נאָר אין אמת׳ען זעהר נידריג. די רעגירונג
האָט וועגען די אינטערעסען פֿון די מאַנצעסטערעס קויפֿלייט זיך ווע־
נינג אינטערעסירט און זיי די נויטווענדיגע פֿערבעסערונגען ניט געגעבען.

צווישען דעם עקזיסטירענדען וואַהלרעכט־געזעטץ און די אינ־
טערעסען פֿון די פֿאָרשטעהער פֿון די נייע פּראָדוקציאָנסקרעפֿטען
קומט אַרויס אַ שנאה, וועלכע ווערט אַלץ שטאַרקער. נאָך׳ן ערך נאָך
ווי עס פֿערגרעסערען זיך די מאַטעריעלע בעדינגונגען. ענדליך דער־
גרייכט עס ביז אַ ענטשיערענען קאַמפֿף. די פֿאָדערונגען פֿון די גרויסע
שטעדט זענען פֿאָלשטענדיג ריכטיגע, איבערהויפּט ווייל זיי שטימען
מיט דער נאַטור פֿון די רעאַלע פֿערהעלטניסע. די איינוואהנער פֿון
מאַנצעסטער און בורמינגהאַם פֿאָדערן מ׳זאָל רעפֿאָרמירען דאָס
וואַהלרעכט ווי עס פּאַסט פֿאַר דער היינטיגער צייט, ד. ה. זיי פֿאָ־
דערן מען זאָל פֿערניכטען דאָס פּריווילעגיום פֿון די „טויטע שטעדליך“
און צו פֿאַרברייטערן דאָס רעכט פֿאַר די נייע האַנדעלס און אינדוס־
טריע שטעדט. דורך אַזאַ פֿאָדערונג קומט אַרויס די **אידעע** —
**די רעפֿאָרמע פֿון וואַהלרעכט**.

די אידעע דריקט אין זיך אויס די בעדערפֿניסען פֿון אַ געוויסע
געזעלשאַפֿטליכע גרופּע און די פֿאָדערונגען פֿון די נייע פּ־אָדוקציאָנס
קרעפֿטען.

כל זמן די ענטוויקלונג האָט זיך בעגרענעצט מיט אַ געוויסען
שטח פֿון אונבעדייטענדע אומענדערונגען אין די מאַטעריעלע לעבענס
בעדינגונגען, איז זי ביז יענער צייט אַלץ געגאַנגען עלעמענטאַ־ריש,
אָהן אַ ברעקעל אויסרעכענונג און שכל, וואָס טראַכט וועגען געזעל־
שאַפֿטליכע אינטערעסען. זייער גאַנצע טהעטיגקייט איז נאָר געווען
ריין פּערזענליכע. די זעלביגע מענשען, וועלכע האָבען געמאַכט מיט
דער צייט אין מאַטעריעלען לעבען אַזאַ איבערקעהרעניש, האָבען
אפילו אין דער לינקער פּאה ניט געהאַט, אַז צוליעב זייערע אייגענע,
פּריוואַטע שטרעבונגען וועלען ווערען אין געזעלשאַפֿטליכען לעבען
אַזעלכע אומשטענדען, וואָס וועט בעשאַפֿען די אידעע פֿון די וואַהל־
רעכט־רעפֿאָרמע. דער גאַנצער געזע׳שאַפֿטליכער ענטוויקלונגס־גאַנג
איז זיך געגאַנגען מעכאַניש, דער מענש האָט אין איהם גענומען
אָנ׳אַנטהייל, אָבער מיט דער געזעלשאַפֿטליכע פֿראַגע האָט ער זיך ניט
אָבגעגעבען. אַזוי איז זיך אַלץ געגאַנגען פֿאָרוועטס, נאָר אַז אַ גאַנ־
צע מענגע קליינע ענדערונגען זענען אַ־ויף ביז אַ געוויסע מדרגה,
האָבען זיי שוין אַרויסגערופֿען נייע פּאָליטישע שטרעבונגען, און אַנ־
שטאַט וואָס ביז אַהער איז עס אַלץ געגאַנגען עלעמענטאַריש, הויבט
שוין יעצט אָן צו שפּיעלען אַ ראָלע דער שכל, די בערעכענונג —
פֿון געזעלשאַפֿטליכען שטאַנדפּונקט. די אידעע פֿון דער רעפֿאָרמע,
וואָס איינער האָט זיך אַרויסגערעדט, ווערט שוין דער שטאַרקסטער
בעוועגער פֿון די ווייטערע ענטוויקלונג און הויבט שוין אָן אויפֿצו־
פֿיהרען אַ קאַמפֿף געגען די עקזיסטירענדע אָרדנונג. זי העלפֿט צו
פֿערשפּרייטען די בעוואוסטזיניגקייט אין דער מאַסע און זי לערנט
דער זעלבינער געזעלשאַפֿטליכער גרופּע, ווי אַזוי ז׳ זאָל זיך פֿערהאַלטען
צו איהרע פּאָליטישע אינטערעסען, וואָס האָבען שוין עקזיסטירט, נאָר
ז׳ האָט זיי נאָך ניט געהאַט אנערקענט. (פֿאָרזעטצונג פֿאָלגט).

## ביבליאָגראַפֿיע.

עס ליעגען פֿיר אונז די ערשטע פֿינף אויסגאַבען, וואָס דער נייער
פֿערלאַג „קליינע פֿאָלקסביבליאָטעק“ אין וואַרשוי האָט הערויסגעגעבען. די
אַללע פֿינף ביכעליך, מאַכען אויף אונז, סיי לויט זייער אינהאַלט און סיי
זייער אייסערליכען אויסזעהן, זעהר אַ גוטען איינדרוק. מיר שטעלען זיך דאָ
ניט אָב אויף דאָס ערשטע ביכעל, "די יודישע גאַס" פֿון אברהם רייזען. און
נעמען זיך צו די איבעריגע פֿיער ביכעליך: „דער פֿערברעכער“ פֿון
גראַף טאָלסטאָי, געקליעבענע ליעדער „פֿון מ. ראָזענפֿעלד“ „דאָס אונגליק“
(און אַנדערע ערצעהלונג) פֿון א. טשעחאָוו. און "איינמאָל אין הערבסט" פֿון
מ. גאָרקי. וועגען מ. ראָזענפֿעלד האָט מען שוין גענוג געשריעבען, און ניט
אין אַ ביבליאָגראַפֿיע איז מעגליך עפּיס מוסיף צו זיין. מיר קענען נאָר זאָגען, אַז
די אַללע ליעדער, וואָס זענען אריין אין דיעזער העפֿט זענען געקליעבען
געוואָרען מיט אַ געשמאַק. דער פֿערלעגער האָט קענטיג געהאַט אין גע־
דאַנק צו בעקענען דעם לעזער מיט אַללערליי מאָטיווען פֿון ראָזענפֿעלדס
מוזע און דאָס איז איהם געלונגען אויפֿן בעסטען אופֿן. וועגען פֿערברעכער
פֿון טאָלסטוי קענען מיר נאָר מערקען, אַז עס איז ניט פֿון טאָלסטוי, נאָר
פֿון גואי דע מאָפּאַסאַן, טוילסטוי האָט עס נאָר איבערזעצט אין רוסישען.
טאָלסטוי האָט גענוג געניאַלע ווערק אַליין געשריעבען און עס איז איבריג
זיין נאָמען פֿרעמדע ווערק צו צושרייבען. וועגען די צוויי ביכליך
פֿון טשעכאָוו און גאָרקי קענען מיר זאָגען אַז סיי דער אויסוואַהל, סיי די
איבערזעצונגען איז אויפֿ׳ן העכסטען אופֿן געלונגען. אָן אויספֿיהרליכען קרי־
טיק איבער די ערצעהלונגען און סקיצען, וואָס געפֿינען זיך אין די צוויי
דערמאַנטע ביכליך, וועט דער לעזער געפֿינען אין די אַרטיקלען איבער
טשעכאָוו און גאָרקי, וועלכע וועלען זיין געדרוקט אין די קומענדע נומערען
פֿון „דאָס יודישע וואָרט.“

## נ. רובאַקין.

די וואונדערליכען ערפֿינדונגען בעאַרבייטעט דורך ה. וויכנין.
פֿערלאַג „פּראָגרעסס“ וואַרשאַ.

רובאַקין איז שוין לאַנג בעוואוסט, אַלס דער פּאָפּוליערסטער רוסי־
שער פֿאָלקס שרייבער. זיינע אַללע וויססענשאַפֿטליכע ווערק זענען געשריע־
בען פֿיר די נידריגסטע ד. ה. פֿיר די אונגעבילדעסטע שיכטען פֿון׳ם רוסישען
פֿאָלק. מיר יודען האָבען נאָך ניט זוכה געווען, צו האָבען אַזאַ פּאָפּוליערען
שרייבער, צו האָבען אַזאַ פֿאָלקס פֿריינד. ביי אונז שרייבט מען ניט נאָר
תפֿילין און מזוזות אויף לשון קודש, נאָר אפֿילו וויססענשאַפֿט אויך... דער־
ריבער מוזען מיר אַזוינע אלף בית ווערק איבערזעטצען פֿון פֿרעמדע
שפּראַכען. דאָס וואָלט אפילו ניט געווען קיין אונגליק — רייכערע ליטעראַ־
טורען שפּייזען זיך מיט איבערזעצונגען. די וויססענשאַפֿט איז אַללגעמיין.
דאָס אונגליק איז נאָר דערין, וואָס אַזוינע פּאָפּוליערע ווערק מוזען
געשריעבען ווערען ספּעציעל אין דער שפּראַך, אין וועלכע דאָס פֿאָלק
רעדט, און מוז ערקלערט ווערען מיט די זעלבע פֿאָלקס אויסדריקע, כדי
עס זאָל עס לייכטער בענעהמען. ביז מיר וועלין זוכה זיין צו אַזוינע ווי־
סענשאַפֿטליכע שרייבער אין רוססלאַנד (אין אמעריקע האָבען מיר זיי
שוין) מוזען מיר זיך בעגעהן מיט איבערזעצונגען. און אַלס איבערזעצער
איז ה. וויכנין שוין לאַנג אנערקענט, אַלס איינער פֿון די בעסטע. איהם
געלינגט אימער צו בעאַרבייטען יעדעס איבערזעצטעס ווערק אַזוי, אַז עס
ווערט פֿערשטענדליך און לייכט צום לעזען, ווי דער אָריגינאַל אַליין.

בן־קלמן.

Verantwortlicher Redacteur M. Fischer, Herausgeber A. Reisen. — Druck von Josef Fischer Krakau